ה. אנדערסען.

№ 7.

# האנס דער נאר.



יידיש—דער נסתר.

קיעווער פארלאג

# האנס דער נאר.

טיף אין א לאנד און ווייט פון א וועג איז אן אלטער „הויף" געשטאנען. האט אין אים אן אלטער גוטבאזיצער געוואוינט. זיינען ביי דעם גוטבאזיצער צוויי זין געווען, וואס האבן זיך פאר אזוינע קלוגע און חכמים געהאלטן, אז נאר זיי זיינען די חכמים פון לאנד. האבן זיי פארטראכט צום קיסר'ס טאכטער זיך שרכענען. ווארים געלאזט וויסן האט דעם קיסר'ס טאכטער, אז חתונה האבן וועט זי פאר דעם, וואס ער וועט זיך בעסער פון אלע מיט איר אויסשמועסן קאנען.

א גאנצע וואך האבן זיי זיך צו דער פרוב געגרייט — מער קיין צייט האט מען זיי נישט געגעבן — נאר דאס איז אויך גאנץ גענוג געווען, ווארים ביידע האבן זיי פון פריהער פארגרייטע ידיעות געהאט, און דאס איז דאך, ווי יעדערן איז באוואוסט, נוציג זעהער. איינער האט אויף אויסנ-

וועניג דעם גאנצן לאַטײנישן ווערטערבוך און די אָרטיגע צייטונג פאר גאַנצע דריי יאָר געקענט, און אַזוי גוט, אז ער האָט געקענט אַלץ, און אין וואָסער איר ווילט סדר—סיי פון אָנהויב און סיי פון סוף—איבער־דערצעהלן. דער אנדערער האָט אלע כטאַטוטן פון די צעך־געזעלשאַפטן אויסגעלערנט, און אויף אויסנווענינ אלץ, וואס יעדער צעך־עלטסטער דאַרף וויסן, געוואוסט; און דערום איז ער איבערגעצייגט געווען, אַז ער קאָן וועגן אלערליי מלוכה־ענינים שמועסן און אפילו אויך גוטע עצות געבן. אויסער דעם האָט ער נאָך אַ זאַך געקאָנט: ער האָט געקאָנט אַקסל־בענדלאַך מיט רויזן און מיט פאַרשיידענע אנדערע מינים פאַרבן און מוסטערן אויסנייהען, ווייל ער איז זעהער געשיקט און קונסט־געלערנט געווען.

—דעם קיסר׳ס טאָכטער וועל איך באקומען!—האט יעדערער פון זיי געטראַכט, אויף דער פרוב זיך אוועקלאָזנדיג. דער פאָטער האָט זיי יעדן צו אויסגעצייכנטע פערד געשענקט. דער, וואָס האָט אויף אויסנווענינ דעם לאַטײנישן ווערטערבוך און די אָרטיגע צייטונג געקאָנט, דער האָט אַ ראָב־שוואַרצן באקומען, און דער, פון די צעך־סטאַטוטן און פון דעם אַקסלבאַנד־אויסנייהעכץ—אַ ווייסן. דערנאָך האָבן זיך בײדע די צונגען

מיט פיש־איֵיל אויסגעשמירט, זיי זאָלן זיך ביי זיי דרעהען לעבעדיגער.

אלע הויף־באַדינער האָבן זיך אויפ׳ן הויף אַרויסגעשאָטן, צו זעהן, ווי זיי וועלן זיך אויף די פערד זעצן. צופעליג האָט זיך דאָרט אויך דער דריטער זון געטראָפן. ביים אלטן גוטבאַזיצער זיינען אינדערצאמתן נישט קיין צוויי, נאָר דריי זין געווען, נאָר דעם לעצטן האָט קיינער נישט גערעכנט, וואָרים ער איז נישט געווען אַזוי געלערנט, ווי יענע; האָט מען אים דערום אזוי גערופן—האַנס דער נאַר.

—ע־ע—האָט געזאָגט האַנס דער נאַר,—קלייבט איר זיך ניט צו געסט ערגיץ? וואָס האט איר זיך עס פארפוצט אזוי?

—אין קיסר׳ס פּאַלאַץ פאָרן מיר,—דער בת־מלכה׳ס וואָרט, איר האַנט און האַרץ קריגן. האָסט דען נישט געהערט, וואָס אויפ׳ן גאנצן לאַנד איז אויסגערופן געוואָרן?

און זיי האָבן אים די גאַנצע מעשה דערצעהלט.

—אויב אַזוי, וועל איך אויך מיט אייך פאָרן!—האָט אויסגעשריגן האַנס.

די ברידער האבן זיך נאָר צעלאַכט און זיך אַיועקגעפאָרן.

—טאַטעלע־פאָטערל!—האָט אויסגעשריגן האַנס דער נאר:—גיב

מיר אויך אַ פערד! איך וויל אויך צום פּאַלאַץ פאָרן! וועט מיך די בת־מלכה נעמען—איז גוט, נישט—וועל איך זי אַליין נעמען, אלצאיינס וועט זי צו מיר געהערן.

—רעד נישט קיין נאַרישקייטן,—האָט געזאָגט דער אַלטער;—קיין פערד וועל איך דיר נישט געבן. דו פאַרשטעהסט דאָך גאָרניט, און אפילו רעדן צו דער זאַך קאָנסט דאָך נישט. וואוהין־זשע שטופּסטו זיך? אָט די ברידער דיינע—איז עפּים אַנדערש. אָט זיי וועלן שוין ניט פאַר־שעמט ווערן.

—נישט? נו, מילא,—האָט געזאָגט האַנס דער נאַר—גיט מען מיר קיין פערד נישט, וועל איך אויפ׳ן צאַפּ פאָרן. דער צאַפּ איז דאָך מיינער, וועט ער מיך פאַרפירן.

געזאָגט און געטון. האָט זיך האַנס רייטנדיג אויפ׳ן צאַפּ ארויפגע־זעצט, האט ער אים מיט די פיס איבער די זייטן אַ האַק געטון און שטורעמדיג איבער׳ן שליאַך זיך אוועקגעלאָזט.

—היי, האפּ, און איך אויפ׳ן צאפּ!—האָט ער געשריגן און אויפ׳ן גאנצן קול זיך געריסן.

די ברידער זיינען זיך פּאַמעליך און פאָראויס געפאָרן; זיי האָבן

די גאנצע צייט קיין ווארט ניט אויסגערעדט און אלץ געטראַכט זיך, מ'יט וואָס אַזוינס קלוגעס זאָלן זיי ביי דער מלכה אויסנעמען. די זאַך איז דאָך אַזוינע געווען, וואס נעמען זיך פאר איר האט מען דאָך באַדאַרפט קאָנען.

—היי!—האָט זיך צעשריגן האַנס דער נאַר:—היי, האפּ, און איך אויפ׳ן צאַפּ! גיט נאָר אַ קוק, וואָס איך האָב אַזוינס געפונען!—און ער האָט זיי א טויטע ראָב באַוויזן.

—נאַר איינער!—האָבן אים די ברידער געזאָגט:—אויף וואָס טויג זי דיר?

—די ראָב די? איך וועל זי דאָך דער בת־מלכה שענקען!

—אָט אַ חכם, וואָס אַ חכם הייסט! שענק זי, למע״ה שענק זי!—האָבן די ברידער געזאָגט און ווייטער מיט געלעכטער אָפּגעפאָרן.

—היי, האפּ, און איך אויפ׳ן צאַפּ!—האָט זיי פונדערווייטנס האַנס נאָכגעשריגן:—גיט נאָר אַ קוק, וואָס איך האָב ווייטער געפונען! אַזעלכע מציאות טרעפן זיך נישט אַלע טאָג!

האָבן זיך די ברידער אויף צוריק אויסגעדרעהט און אויף דער מציאה א קוק געטון.

—נאַר דו איינער!—האבן זיי געזאָגט:—דאָס איז דאָך אַן אַלטער

שוך אַ הילצערנער, און נאָך אָהן אַ נאָז דערצו, וועסט אפשר אויך דעם שוך דער בת־מלכה שענקען?

—געווים שענקען!—האָט געענפערט האַנס.

האָבן זיך די ברידער ווידער צעלאַכט און ווייטער אָפּגעפאָרן. און אָט, ווי זיי זיינען שוין היפש און ווייטליך אָפּגעפאָרן, דערהערן זיי פלוצים:—ווידער יאָגט און דעריאָגט זיי האַנס דער נאַר.

—היי, האפּ, און איך אויפ׳ן צאַפּ!—האָט ער אויפ׳ן גאַנצן קול געשריגן:—אָט אַ מציאה! וואָס פאַר אַ גליקן מיך טרעפן! וואָס ווייטער, אלץ מערער!

—נו, וואָס ווידער געפונען?—האָבן די ברידער געפרעגט.

—אך, אַזאַ אַנטיק, אַזאַ אויסנעם, אַז ס׳איז נישט אויסצודער־צעהלן!—האָט געענפערט האַנס דער נאַר:—ווי די מלכה וועט זיך דאָס דערפרעהען!

—טפו!—האָבן אויסגעשפיגן די ברידער,—ס׳איז דאָך בלאָטע, בלאָטע פון קאַנאַל ארויס!

—נו, יאָ, אַוודאַי בלאָטע!—האָט געזאָגט האנס דער נאַר:—זעל־טענע בלאָטע, פון ערשטן סאָרט אַרויס! אַזוי, אז דורך די פינגער רינט

זי אַזש—און ער האָט מיט דער בלאָטע א פולע קעשענע זיך אָנגע־שטופּט.

מער האָבן אים שוין אָבער די ברידער נישט געהערט. זיי האָבן מיט די שפּאָרן אין די פערד דערלאַנגט, און זיי זיינען אוועק, און אזוי גיך, אז נאָר פונקען האָבן פון אונטער די פערד־טלאָהען געשפּריצט. און דאַן זיינען זיי צום שטאָט־טויער אויף אַ גאַנצער שעה פריהער, איידער האַנס, געקומען. דאָרט, ביים טויער, האָבן אלע חתנים צו נומערן גע־קראָגן, און אַלץ נאָכ׳ן סדר נאָך, ווער נאָך ווער מען ס׳איז שפּעטער גע־קומען. דערנאָך האָט מען זיי צו זעקס אין אַ שורה אויסגעשטעלט, נאָר אזוי ענג און איינס צום אנדערן צוגערוקט, אז זיי האָבן אפילו מיט קיין האַנט נישט געקאָנט אַ ריר טון; דאָס איז זעהער קלוג געווען, אלא ניט, וואָלטן זיי זיך איינס דאָס אַנדערע די אויגן אויסגעדראַפּעט נאָר דער־פאַר, וואָס איינער איז פאַר דעם צווייטן געשטאַנען.

דאָס פאָלק האט מיט גרויסע מאַסן דעם קיסר׳ס פּאַלאַץ ארומגע־רינגעלט; איינינע פון זיי האָט זיך אַפּילו איינגעגעבן ביז צו סאמע די פענסטער זיך צו דערשלאָגן. אלעמען האט זיך זעהן געוואָלט, ווי אזוי די בת־מלכה וועט די חתנים צונעמען. אָבער ווי נאָר איינער פון די,

וואָס האָבּן זיך צו איר געשרכבּענט, פלעגט אין זאַל אריינקומען, אזוי פלעגט ביי אים באַלד ווי דאָס לשון אָפּנעמען, און ער פלעגט נאָר שטאַמלען בּעבּענדיג.

—ער טויג נישט!—פלעגט די בת־מלכּה ארויסזאָגן:—טרייבּט אים ארויס!

לסוף איז אויך די צייט פון דעם ברודער, וואָס ער האָט אויף אויסנווענינג דעם גאַנצן ווערטערבּוך געקאָנט, געקומען. זיינען אים אָבּער אלע ווערטער ווי פונ׳ם קאָפּ ארויסגעפלויגן. דער בּריק אין זאַל איז א גלאַטער און אַ גלאַנציגער געווען, די סטעלע פון שפּיגל־גלאָז פון ריינעם, אַזוי, אז ער האָט זיך מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פּיס ארויף דערזעהן. און ביי יעדן פּענסטער זיינען צו דריי שרייבּערס און צו איין אויבערשריי־בּער געשטאַנען, וואָס האָבּן אַלץ, וואָס דאָ איז גערעדט געוואָרן, פאַר־שריבּן, כּדי מ׳זאָל עס באלד אין צייטונג אָפּדרוקן און אויף אלע גאַסן און געסלאַך צו דריי קאָפּיקעס א נומער פאַרקויפן.—היינט ווי אַזוי־זשע זאָל מען זיך געווען ניט שרעקן, און צום אומגליק צום איבּעריגן, האָט מען דעם אויוון אזוי אָנגעהייצט, אז ער איז אזש אָנגעגליהט געוואָרן.

—ווי הייס דא איז!—האט געזאגט דער חתן.

—יאָ, יונגע הענדעלאַך בראָט היינט מיין טאטע,—האט געענפערט די בת־מלכה.

—מע!—האָט געזאָגט דער חתן און א קעלבערשע צורה געמאכט. צו אזא מין שמועס האט ער זיך לחלוטין נישט געגרייט. קיין איין וואָרט האט ער נישט געפונען אויף ענפערן, און ענפערן האט מען דאך געדארפט, נישט עפּיס אַ־בי־ווי, נאר קלוג און שארפזיניג,—איז ביי אים נאָר „מע” ארויסגעקומען.

—ער טויג נישט,—האָט געזאָגט די בת־מלכה:—שטופּט אים ארויס!—און מ'האָט אים ארויסגעשטופּט.

איז דער צווייטער ברודער אריינגעקומען.

—ווי הייס דא איז!—האט ער געזאגט.

—יאָ, הייס! יונגע הענדעלאך בראָטן מיר היינט!—האט געענפערט די בת־מלכה.

—הע, הע, הע,—האט ער זיך פארהיקען אנגעהויבן. און אלע שרייבערס האבן אזוי טאקי פארשריבן: הע, הע, הע.

—ער טויג נישט! שטופּט אים ארויס!—האט געזאגט די בת־מלכה.

דאַן האט זיך האַנס דער נאַר באַוויזן. ער איז גלייך אין זאַל אויף זיין צאַפּ אַריינגעפאָרן.

—נו, אַ היץ דא ביי איך!—האָט ער געזאגט.

—יא, היים! יונגע הענדעלאך בראָט איך היינט!—האָט געענפערט די בת־מלכה.

—אויב אזוי, איז דאך אויסגעצייכנט!—האט געזאגט האַנס דער נאַר. וועל איך, הייסט עס, אויך מיין ראָב דא קאנען אָפּבראָטן?

—מיט'ן גרעסטן פאַרגעניגן—האט געזאגט די בת־מלכה,—איז אָבער ביי איך פאראן א כלי אין וואס צו בראָטן? ביי מיר איז נישט קיין טאָפּ און נישט קיין פענדל פאראן.

—מיר וועלן אויך א כלי געפינען!—האט געענפערט האַנס דער נאַר.—ביי מיר איז א פענדל און נאך מיט א צינערן הענטל פאראן.— און ער האט פון קעשענע אן אלטן שיך א הילצערנעם ארויסגעשלעפּט און אהין דעם ראָב ארייננעלעגט.

—וועלן מיר דאך טאקי א רייכע סעודה האבן!—האט געזאגט די בת־מלכה. יא, אבער וואו־זשע וועלן מיר עפּיס שיטערם נעמען?

—אויך שיטערם וועט זיך געפינען!—האָט געענפערט האַנס דער נאַר. ביי מיר איז אזוי פיל דא, אז א טייל וועט מען נאך דארפן ארויס־גיסן.—און ער האט פון קעשענע א ביסל בלאטע אויסגעשאָטן.

—אַט דאס גענפעלט מיר!—האט געזאגט די בת־מלכה.—מ'קאָן נישט זאגן, אָפּענפערן קאָנסטו. אין קיין ווערטער איז ביי דיר קיין מאַנגל נישטאָ. נאר צי ווייסטו אָבער, אז יעדער וואָרט, וואָס מיר רעדן דא אוים אצינד, ווערט פאַרשריבן און מאָרגן וועט דאס אין די צייטונגען געדרוקט זיין? דו זעהסט, ביי יעדן פענסטער שטעהען צו דריי שרייבערס און צו איין אויבערשרייבער. דער עלטסטער אויבערש־ייבער איז ערגער פון זיי אלע, ווייל ער פארשטעהט ווייניגער פון זיי אלע.—זי האָט עס געזאָגט נאָר צוליב דעם, זי זאָל אים איבערשרעקן אין אַלע שרייבער האָבן אַזש פון געלעכטער געקייכט און פון פאַ־געניגן־גרויס געהירושעט און יעדער האָט אויפ'ן בריק צו טינט־טראָפּנס אראָפּגעטראָפּנט.

—אזוי, איז אָט ווער דאָ די חשובע זיינען!—האָט געזאָגט האנס דער נאר.—איז אויב אזוי, וועל איך דעם אויבערשרייבער מיט מיין בעסטן מכבד זיין. און מיט די לעצטע ווערטער האט ער די קעשענע אויף דער אנדערער זייט איבערגעקערט און אים אין פנים די גאנצע איבערגעבלי־בענע בלאטע א שמיץ געטון.

—אט דאס הייסט א שטיקל אפגעטון!—האט געזאגט די בת־מלכה.—פיין, אט דאס הייסט א קונץ באוויזן! דאס וואלט איך שוין ניט

געקאנט, אבער מיט דער צייט וועל איך זיך נאך אויסלערנען.

און האנס דער נאר איז מלך געווארן; האט א מלכּה און א קרוין באקומען, און אויפ׳ן טראן צו קיניגן אנגעהויבן.

די גאנצע מעשה האבן מיר זיך פון דער צייטונג פון דעם אויבער־שרייבער דערוואוסט, ווען זי איז נאר וואס פון דרוק אַרויס און איז נאך כּמעט פייכט געווען. נישט יעדער מאל אבער קאן מען דאך גלויבן אין די צייטונגען.



# די בלומען פון דער קליינער אידא.

עלנדע בּלימעלאַך מיינע, זיי זיינען שוין אינגאנצן פאַרוועלקט גע־וואָרן!—האָט געזאָגט די קליינע אידאַ.—נעכטן אויפדערנאַכט זיינען זיי נאָך אַזוי שען געווען, און איצט הענגען די בּלעטעלאַך שוין אינגאַנצן פאַרטריקנטע אַראָפּ. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?—האָט זי געפרעגט בּיים סטודענט, וואָס איז אויפ׳ן דיוואַן געזעסן. זי האָט געוואוסט, אַז ער האָט זי זעהער ליב, דער סטודענט: ער פלעגט איר וואונדער־שענע מעשיות דערצעהלן און זעהער אינטערעסאַנטע בּילדלאַך אויסשניידן—הערצעלאַך מיט טאַנצענדיגע דאַמען אין זיי, בּלומען און פּאַלאצן קליינינקע, וואָס מע האָט געקאָנט אין זיי טירן עפענען. זעהער אַ פרעהליכער איז דער סטו־דענט געוועזן.

—פאַרוואָס האָבּן די בּלומען אַזאַ נעבּיכדיגן אויסזעהן היינט?—

האָט זי נאָך־אַמאָל געפרעגט, אויפ'ן פאַרוועלקטן בוקעט אָנווייזנדיג.

—ווייסט פאַרוואָס?—האָט געזאָגט דער סטודענט,— די בלומען זיינען היינטיגע נאַכט אויף אַ באַל געוועזן און דערפאַר האָבן זיי אַזוי די קעפּעלאַך אַראָפּגעלאָזט.

—די בלומען קאָנען דאָך אָבער נישט טאַנצן!—האָט געזאָגט די קליינע אידאַ.

—ניט אמת,— האָט געזאָגט דער סטודענט,—ווי נאָר ס'נעמט פינסטער ווערן, און מיר שלאָפן איין, אַזוי הויבן זיי אָן צו טאַנצן פרעהליך; אַלע נאַכט כמעט קומען ביי זיי בעלער פאָר.

—און קינדער קאָנען אויף זייערע בעלער קומען?

—יאָ,— האָט געזאָגט דער סטודענט:—אַלע קליינע מאַרגאַריטקעלאַך און מאַי־בלימעלאַך קאָנען קומען.

—וואו־זשע טאַנצן זיי עס, די בלומען?—האָט געפרעגט די קליינע אידאַ.

—דו ביזט דאָך געוועזן פון יענער זייט שטאָט־טויער, נעבן גרויס פּאַלאַץ, וואו זומער דער מלך וואוינט, און וואו דער גרויסער און זעלטן־שענער סאָד מיט אַ פולע בלומען געפינט זיך. האָסט דאָך דאָרט גע־

זעהן די שוואַנען, וואָס זיינען צו דיר צוגעשוואומען, בעת דו האָסט זיי די ברויט-ברעקלאַך געוואָרפן? איז אָט דאָרטן קומען עס די גרויסע בע-לער פאָר.

—נעכטן בין איך אין יענעם סאָד מיט דער מאַמען געווען,—האָט געזאָגט אידאַ,—אָבער די בוימער דאָרטן זיינען שוין אָהן בלעטער גע-שטאַנען, קיין בלומען איז שוין אויך נישט צו זעהן געווען. וואוהין זיי-נען זיי אַהינגעקומען? זומער זיינען זיי דאָך אַזוי פיל געווען!

—אין פּאַלאַץ זיינען זיי,—האָט געזאָגט דער סטודענט—דו דאַרפסט וויסן, אַז ווי נאָר דער מלך מיט אַלע הויפלייט פאָר'ן אויף ווינטער אין שטאָט אריבער, אַזוי אַנטלויפן באַלד די בלומען פון סאָד אין פּאַלאַץ אַריין און הייבן זיך דאָרט פרעהען אָן. וואָלסט געמעגט אויף זיי אַ קיק טון דעמאָלט! צוויי רויזן סאַמע די שענסטע זעצן זיך אויפ'ן טראָן אַוועק און שטעלן זיך דעם מלך מיט דער מלכה פאָר; אַלע רויטע האָנ-קעמעלאַך שטעלן זיך אויף ביידע זייטן אויס און פאַרנויגן זיך—דאָס זיי-נען די קאַמער-יונקערס. נאָכדעם באַווייזן זיך אַלע שענע בלימעלאַך און דער באַל עפנט זיך. די בלויע פיאַלקעס שטעלן מיט זיך קליינע ים-קאַ-דעטן פאָר; זיי טאַנצן מיט די היאַצינטן און מיט די קראָקוסן, וואָס רופן

זיך פרײלינס אָן; די טולפּאַנען אין די גרויסע ליליעס די געלע, שפּילן די ראָלע פון דאַמען אַלטע; זײ געבן אַכטונג דערויף, אַז דאָס יונגוואַרג זאָל טאַנצן, ווי ס׳באַדאַרף צו זײן, און אַז אַלץ זאָל ווי געהעריג זיך פירן.

—און די בלומען ווערן גאָר־ניט באַשטראָפט דערפאַר, וואָס זײ דערוועגן זיך אין מלכ׳ס פּאַלאַץ צו טאַנצן?—האָט געפרעגט די קלײנע אידאַ.

—ווענן דעם ווײסט קײנער נישט—האָט געזאָגט דער סטודענט.— אמת, ווען ניט ווען, אין אַ בײנאַכט אַמאָל קומט דער אַלטער הויף־פאַר־וואַלטער צו געהן, אַ קוק טון צי איז אַלץ אין אָרדענונג דאָרט. אין דער האַנט בײ אים איז אַ גרויסער בונט שליסלען פאַראַן,—נאָר, ווי נאָר די בלומען דערהערן דעם קלאַנג זײערן, אַזוי ווערן זײ אַנטשוויגן, פאַר־באַהאַלטן זיך אונטער די פענסטער־פאָרהאַנגען און שטעקן די קעפּלאַך אַרויס.—„עפּיס שמעקט דאָ מיט בלומען־שמעק״,—זאָגט דער אַלטער פאַרוואַלטער דערמאָלט, אָבער זעהן זײ קאָן ער נישט.

—אַך ס׳אַראַ חיות!— האָט אויסגעשריגן די קלײנע אידאַ און מיט די הענטלאַך זיך צעפּלעסקעט.

—און איך קאָן אויך די בלומען נישט זעהן?

ניין, דו קאָנסט יאָ זעהן,—האָט געזאָגט דער סטודענט.—אַז דו וועסט נאָך־אַמאָל אין פּאַלאַץ זיין, פאַרגעס ניט אין פענסטער אַ קוק טון, וועסטו זיי דאָרט זעהן. אָט האָב איך היינט אַזוי געטון, האָב איך אַ לאַנגע און געלע ליליע דערזעהן, וואָס איז אויף דער סאָפע געלעגן און געביצנדיג זיך געצויגן: דאָס איז אַ הויף־דאַמע געוועזן.

—און די בלומען פון׳ם באָטאַנישן גאָרטן קאָנען אויך אַהין קומען? איז פאַר זיי דער וועג נישט צו וויט?

—ס׳אַ קליינינקייט,—האָט געזאָגט דער סטודענט: אויב זיי ווילן, קאָנען זיי פליהען. האָסט דאָך געזעהן די שענע זומער־פויגעלאַך—די רויטע, געלע און ווייסע—וואָס זיינען אַזוי אויף בלומען ענליך? זיי זיינען אויך פריהער בלומען געוועזן, נאָר אַראָפּשפּרינגענדיג פון די שטענגעלאַך זייערע, האָבן זיי מיט די בלעטעלאַך, ווי מיט פליגעלאַך, אַ פאָך געטון און פליהען אָנגעהויבן. און אַזוי ווי זיי האָבן זיך געפירט לייטיש, האָבן זיי דערפאַר אַן ערלויבעניש באַקימען אויך אויף בייטאָג פליהען, אויפ׳ן אָרט, וואָס זיי זאָלן באַשטענדיג אויף די שטענגעלאַך און תמיד אינדערהיים זיצן. און אַזוי זיינען פון די שטענגעלאַך טאַקי אמתעפויגעלאַך געוואָרן. דו האָסט דאָך דאָס געזעהן. און ווייטער, מעגליך, אַז די בלו־

מעֶן פון באָטאַנישן גאָרטן זיינעֶן קיינמאָל אין מלכ׳ס פּאלאַץ נישט גע־ וועֶן, און מעֶגליך, אַז זיי ווייסן נישט, אַז פּיינאַכט איז אַזוי פּרעֶהליך דאָרטן. ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן? אוי, וועֶט זיך פאַרוואונדעֶרן דעֶר פּראָפּעֶסאָר פון באָטאַניק, דעֶר, וואָס וואוינט נעֶבּן אַייך—דו קאָנסט דאָך אים?—אַז דו וועֶסט זיין בּיי אים אין סאָד! זאָג דאָרט איינעֶם, וואָסעֶר־ ניט־איז בּלימל, אַז אין פּאַלאַץ קומעֶן גרויסעֶ בּעֶלעֶר פּאָר, וועֶט דאָס בּלימל די איבּעֶריגעֶ דעֶרצעֶהלן און זיי וועֶלן אַלעֶ אַהין אַיועֶקפליהעֶן, און ווען דעֶר פּראָפּעֶסאָר וועֶט דעֶרנאָכדעֶם אין סאָד קומעֶן, וועֶט דאָרט קיין איין בּלימל נישט זיין. און עֶר וועֶט בּשום אופן נישט וויסן, וואוהין זיי זיינעֶן אַהינגעֶקומעֶן.

—אָבּעֶר ווי אַזוי־זשעֶ וועֶט דאָס בּלימל די איבּעֶריגעֶ דעֶרצעֶהלן? די בּלומען קאָנעֶן דאָך נישט רעֶדן!

—רעֶדן, געֶוועֶהנטליך, קאָנעֶן זיי ניט,—האָט געֶעֶנפעֶרט דעֶר סטו־ דעֶנט: נאָר זיי שמועֶסן זיך איבּעֶר אויפ׳ן פּאַנטאָמימעֶ־אופן. האָסט דעֶן נישט געֶזעֶהן אַמאָל, ווי אַזוי די בּלומעֶן, בּשעת אַ ווינטל אַ קליינעֶם, וואַרפן איינס צום אַנדעֶרן מיט די קעֶפּלאַך און בּאַוועֶגן מיט די גרינעֶ בּלעֶטעֶלאַך? אָט די צייכנס זייעֶרעֶ זיינעֶן פאַר זיי אַזוי פאַרשטעֶנדליך, ווי

פאַר אונז די ווערטער.

—און דער פּראָפעסאָר פאַרשטעהט דאָס פאַנטאָמימע-לשון?— האָט געפרעגט אידאַ.

—געווים. ער איז אַמאָל אינדערפריה אין סאָד אַריינגעקומען און דערזעהן, ווי דאָס גרויסע בריה-גראָז*) האָט מיט די בלעטער דעם שע-נעם רויטן געווירק-נעגעלע צייכנס געגעבן: „דו ביזט אַזוי שען,—האָט געזאָגט דאָס בריה-גראָז—און איך האָב דיך ליב מיט'ן גאַנצן האַרצן.“ אָבער דער פּראָפעסאָר האט אַזוינע מיני רייד פיינט שרעקליך, האט ער טאקי באַלד דעם בריה-גראז איבער די בלעטער—דאס זיינען די פינ-גער אירע—אַ זעץ געטון. ער האט זיך אפגעבריהט, און פון דעמאלט אן דערוועגט ער זיך ניש̇ט מער דאס בריה-גראז אנצורירן.

—אַך, ווי פרעהליך!—האט אויסגעשריגן די קליינע אידאַ און האט זיך צעלאַכט.

—ווי מעג מען עם קינדער אַזוינע נאַרישע בבא-מעשיות דער-צעהלן?—האט געזאגט דער אומעטיגער ראַטגעבער, וואס איז דארטן צו גאַסט געווען און אויפ'ן דיוואַן געזעסן. איבערטראגן האט דער ראַטגע-

*) קראָפּיווע.

בּער נישט געקאַנט דעם סטודענט יענעם און תּמיד האָט ער בּייז גע־
בּרומט, ווען ער האָט אים געטראָפען, בּשעת יענער פלעגט די לעבערלי־
כע בּילדלאַך אויסשניידן: אַמאָל אַ פאַרבּרעכער, וואָס איז אויף אַ תּליה
געהאָנגען מיט אַ האַרץ אין די הענט, וואָס ער האָט בּיי אַ צווייטן מענשן
צוגענבעט—אַמאָל אַ כּשיף־מאַכער׳ן אַן אַלטע, אויף אַ בּעזים רייטנדיג,
מיט איר מאַן אויף דער נאָז. דער אַלטער ראַטנעבער האָט עס נישט גע־
קאָנט פאַרליידן און אין אַזוינע פאַלן פלעגט ער זאָגן דאָס זעלבּע, וואָס
איצט: „ווי מעג מען עס קינדער אַזוינע זאַכן איינבּילדן? דאָס זיינען דאָך
אַלץ פאַנטאַזיעס נאַרישע!" אָבער דער קליינער אידאַ איז די מעשה פון׳ם
סטודענט זעהר געפעלן געוואָרן און זי האָט זעהר אַ סך געטראַכט דער־
פון: די בּלומען האָבּן די קעפּעלאַך אַראָפּגעלאָזט פון מידקייט, ווייל זיי
האָבּן אַ גאַנצע נאַכט געטאַנצט,—געווייס זיינען זיי דערפון קראַנק גע־
וואָרן. און זי איז מיט זיי צו די אַנדערע שפּילעכלאַך צוגעגאַנגען, צו די,
וואָס זיינען אויפ׳ן שענעם, קליינעם טישעלע אויסגעשטעלט געווען; אויך
דאָס שופלאַדל דאָרט איז מיט טייערע זאַכן פול געווען. אין לעלע־בּע־
טעלע איז די לעלע סאָני געלעגן און געשלאָפן, אָבער די קליינע אידאַ
האָט צו איר געזאָגט: „שטעה אויף, דו וועסט היינטיגע נאַכט אין שופ־

לאדל פארבּרענגען; די ארימע בּלימעלאך זיינען קראַנק, נעבּיך, זאלן זיי בּיי דיר אין בּעטעלע אפּרוהען, וועלן זיי, אפשר, געזונט ווערן דעמאלט!״ און זי האט בּאלד פון דארט די לעלע ארויסגענומען; די לעלע אבער האט זעהער א ברוגזע מינע געמאכט און קיין ווארט נישט געזאגט — ס׳האט זי פארדראסן, וואס מ׳האט זי מטריח געווען.

נאכדעם האט אידא די בלומען אין לעלע־בּעטעלע אריינגעלעגט, האט זיי מיט א קאלדרעלע צוגעדעקט, זיי אנגעזאגט, זיי זאלן ליגן רוהיג, וועט זי זיי טיי פארקאכן, וועלן זיי ווידער צו זיך קומען און מארגן אויפשטעהן קאנען. און זי האט איינגאנצן די פארהאנגלאך איבּער׳ן בּעטעלע אראפּגעלאזט, כּדי די זון זאל זיי גלייך אין פּנים אריין ניט שיינען.

דעם גאנצן אויפדערנאכט האט די קליינע אידא נישט אויפגעהערט צו טראכטן וועגן דעם, וואס דער סטודענט האט איר דערצעהלט. און ווי זי האט זיך אליין בּאדארפט אין בּעט לעגן, האט זי פריהער אונטער די פארהאנגען, וואס זיינען אויף די פענסטער געהאנגען, א קוק געטון, דארט, וואו די בּלומען פון איר מאמען — די פּרעכטיגע היאצינטן און טולפּאנען — זיינען געשטאנען, און שטילערהייט זיי איינגערוימט: „איך ווייס דאך געוויס, אז איר וועט היינט בּיינאכט אויפ׳ן בּאל געהן״. די בּלומען

האבן אזא פנים געמאכט, גלייך ווי זיי פאַרשטעהען גארניט און זיי האבן אפילו מיט קיין בלעטעלע קיין ריר נישט געטון; אבער די קליינע אידא האט געוואוסט, וואס זי זאגט.

ליגנדיג אין בעט, האט זי לאנג געטראכט וועגן דעם, ווי גוט ס'וואלט געווען צו זעהן די שענע בלומען אין מלכ'ס פאלאץ טאנצענ־דיג. „זיינען באמת דארטן מיינע בלימעלאך געווען?"— מיט די געדאנקען איז זי אנטדרימלט געווארן. נאר אין מיטן דער נאכט האט זיך דאס מיי־דעלע אויפגעכאפט: ס'האבן זיך איר געחלומט די בלומען און דער סטו־דענט, וואס דער ראטגעבער האט אים געזידלט. אין צימער, וואו זי איז געלעגן, איז שטיל געווען; אויפ'ן טיש האט א נאכט־לאמפ געברענט; דער טאטע און די מאמע זיינען געשלאפן.

ליגן נאך מיינע בלימעלאך אין סאָניטשקעס בעטל אצינד?—האט זי ביי זיך א טראכט געטון. אך, ווי ס'וואלט זיך מיר וויסן געוואלט אידא האט זיך עטוואס אויפגעהויבן און ארייננגעקוקט אין דער האלב־געעפנטער טיר פון דעם צימער, וואו אירע בלומען און אלע אירע שפּיּ־לעכלאך זיינען געלעגן. זי האט זיך צוהערן גענומען, און איר האט זיך געדאכט, אז אין צימער דארט עמיצער אויף דער פיאנינא שפילט, אבער!

אזוי שטיל־שטיל און אזוי שעֹן, אזוי ווי זי האט נאך קיינמאל נישט גע־הערט.

„געווים טאנצן איצט אלע בלומען דארט!"— האט זי א טראכט געטון,— אך, גאט מיינער, ווי ס'וואלט זיך געוואלט א קוק טון דערויף — זי האט אבער נישט געוואגט אויפצושטעהן, זי זאל דעם טאטן מיט דער מאמען נישט אויפוועקן.

„ווען זיי זאלן אהער קומען!— האט דאס מיידעלע געטראכט, — אבער די בלומען זיינען נישט געקומען, און די וואונדער־מוזיק האט צו שפילן ניט אויפגעהערט. לסוף האט זי זיך שוין נישט איינהאלטן גע־קאנט: צופיל גוט איז שוין דארט געווען. איז זי פון איר בעטל אראפ־געקראכן, שטילערהייט צו דער טיר צוגעגאן און אין צימער אריינגעקוקט: גאט אַלמעכטיגער, וואס פאר א וואונדער האט דארט אירא דערזעהן!

דער צימער איז פון קיין נאכט־לאמפ נישט באַליכטן געווען, און דאך איז אין אים ליכטיג געווען. די לבנה האט דורכ'ן פענסטער גלייך אויף דער מיט פון בריק אריינגעשיינט, אין אין צימער איז אזוי ליכטיג, פונקט ווי ביימאג געווען. אלע היאצינטן און טולפאנען זיינען אויפ'ן בריק און צוויי שורות אויכגעשטעלט געשטאנען; אויף די פענ־

סטער זיינען נאר די לײדיגע וואזאנע־טעפּ געבליבן. אלע בלומען האבן זעהער ליב אויפ׳ן בריק געטאנצט, האבן טורן געמאכט, און זיך דרע־הענדיג, האבן איינע די אנדערע פאר די לאנגע גרינע שטענגעלאך גע־האלטן. ביים פארטעפּיאן איז א גרויסע, געלע ליליע געזעסן, איינע א ליליע, וואס אידא האט זי זומער געזעהן. זי האט געדענקט, ווי דער סטודענט האט איר געזאגט דעמאלט: ווי ענליך זי איז צו דער מאַדע־מואַזעל לינא! דעמאלט האבן אלע פון אים געלאכט, אבער איצט האט זיך דער קליינער אידא אליין אויך אויסגעוויזן, אז די לאנגע, געלע בלום איז אויף יענער פרײלין ענליך; ביים שפילן זיינען בײ איר די זעל־בע מאנירן געװען: אמאל בויגט זי דאס לאכנדיגע געלע פּנים אויף איין זייט אריבער, אמאל אויף דער צווייטער, און דערבײ מאכט זי אלץ מיטן קאפּ צום טאקט פון דער מוזיק דער וואונדערליכער. קיינער האט די קליינע אידא נישט באמערקט. דערנאך האט זי דערזעהן, ווי א גרוי־סער, בלויער קראקיס איז אויפן טיש ארויפגעשפּרונגען, דארט וואו די שפּילעכלאך זיינען געשטאנען, איז צום לעלע־בלעטעלע צוגעגאנגען און די פארהאנגלאך צענומען: דארט זיינען די קראנקע בלומען געלעגן, נאר באלד האבן זײ זיך אויפגעהויבן און האבן מיט די קעפּעלאך צו

די איבעריגע א צייכן געגעבן, אז זיי וועלן אויך טאנצן. דאס אלטע שמענדריק־פאיאצעלע, ביי וועלכן די אונטערשטע ליפּ איז אפּגעהאקט געווען, איז אויפגעשטאנען און האט זיך פאר די שענע בלומען פאר־נויגט: זיי האבן שוין גאר קראנק נישט אויסגעזעהן; זיי זיינען אויפ'ן בריק צו די איבעריגע אראפּגעשפּרונגען און זיי האבן זיך אויך צו פרע־הען גענומען.

פלוצים איז פונ'ם טיש עפּיס אראפּגעפאלן, אידא האט אין יענער זייט אריין א קוק געטון: האט זיך ארויסגעוויזן, אז דאס איז דאס יום־טובדיגע הושענה־בוימעלע ארויפגעשפּרונגען: ווייזט אויס, אז ס'האט זיך אויך צו די בלומען צוגערעכנט. ס'איז אינדערהאמתן זעהער א ליבס גע־ווען. אויף דעם איז א קליינע וואקסענע לעלע געזעסן, וואס אויף דעם קאפּ ביי איר איז אזא ברייטער קאפּעליוש, פּונקט ווי ביים ראטגעבער, געווען. דאס הושענע־בוימעלע איז צווישן די בלומען אויף א'רע דריי רויטע שטאָלצן געשפּרונגען, געשפּרונגען און צוגעטופּעט; זי האט א מאזורקע געטאנצט, אבער די איבעריגע בלומען האבן אין דעם טאנץ קיין אנטייל נישט גענומען, ווייל זיי זיינען צו גרינג געווען און זיי האבן נישט געקאנט אזוי הויך צו טופּען.

פלוצים האט זיך די וואקסענע לעלע, וואס אויפ׳ן יומטובדיגן הושענה־בוימעלע, אויסגעצויגן, איז א גרויסע געווארן, האט זיך פון די פאפיר־בלומען אפגעקערעוועט און הויך זיך צעשריגן: „ווי מעג מען עס א קינד מיט אזוינע נארישקייטן דעם קאפ פארדולן? דאס אלץ זיינען דאך נאר פאנטאזיעס נארישע!" און אין דער מינוט איז די וואקסענע לעלע אזוי ווי צוויי טראפן וואסער צום ראטגעבער מיט דעם ברייטן קאפעליוש ענליך געווען. האבן די פאפיר־בלומען אבער איר איבער די פים א האק געטון, האט זי זיך דעמאלט ווייטער צונויפגעצויגן און ווי־דער די פריהערדיגע קליינע וואקסענע לעלע געווארן. דאס איז אזוי קאמיש געווען, אז די קליינע אידא האט זיך פון לאכן נישט געקאנט איינהאלטן. דער הושענה־בוים האט ווייטער געטאנצט און דער ראט־געבער איז אינאיינעם מיט אים צו טאנצן גענויט געווען. אלצאיינס צי איז ער א גרויסער און לאנגער געווארן, צי איז ער א קליינע, געלע וואקסענע לעלע מיט א גרויסן, שווארצן קאפעליוש געבליבן, אלצאיינס, און גארנישט האט געהאלפן, און ער האט געמוזט אינאיינעם מיט דער צווייג טאנצן. נאר דא האבן זיך די איבעריגע בלומען פאר אים אנגע־נומען, באַזונדערס די, וואס זיינען אין דער לעלעס בעטעלע געשלאפן

און דער הושענה־בוים האט אים צו רוה געלאזט. אין דער זעלבער מינוט האט זיך אין שופלאדל א הויכער קלאפ דערהערט. אין דעם שופלאדל, וואו ס׳איז אידא׳ם לעלע סאני אינאיינעם מיט א סך אנדערע שפילעכלאך געלעגן. שמענדריק איז צום סאמע עק טיש צוגעלאפן, האט זיך אין דער גאנצער לענג זיינער אויפ׳ן בויך אויסגעצויגן און פאמעליכן דאס שופ־לאדל ארויסרוקן גענומען. האט זיך דעמאלט די לעלע סאני אויפגע־הויבן און פארוואונדערט זיך ארומקוקן גענומען: „איז דא נישט א באל, א סברא,—האט זי געזאגט,—פארוואס זשע האט מיר קיינער נישט גע־זאגט?

—ווֶעסט אפשר מיט מיר אין א טאנץ זיך לאזן?—האט שמֶענ־דריק געפרֶעגט.

—וואס זאגט איר אוף דעָם קאוואליעָר פאר מיר!—האט זי גע־געזאגט און צו אים זיך מיט׳ן רוקן אויסגעֶקערֶעוועֶט. דעֶרנאכדעֶם האט זי זיך אויפ׳ן שופלאדל אוועֶקגעֶזעֶצט, ווארטעֶנדיג, אז עֶמיצעֶר פון די בלומען זאל צו איר צוגעהן און זי טאנצן איינלאדן; נאר קיינעֶר איז נישט צוגעֶגאן, האט זי דעֶמאלט בלומרשט צו הוסטן געֶנומען: כם, כם, כם, אבעֶר אויך דאס האט נישט געֶהאָלפן. שמעֶנדריק האט איצט איינעֶר אליין

געֶטאנצט און גאר ניט שלעֶכט געטאנצט... זועֶהעֶנדיג, אז די בלומעֶן באַ־
מערקן זי גאר נישט, האט סאני פונ׳ם שופלאדל אויפ׳ן בריק א שפּרונג
געֶטון, און מיט אימפּעֶט גרויס, דרעֶמאלט זיינעֶן צו איר די בלומעֶן צוּ־
געשפּרונגעֶן און בײַ איר דעפרעֶגן זיך גענוֹמעֶן, צי זי האט זיך ניט קיין
זועֶק געגעבן. אלע זיינען צו איר זועהער גוט און צוגעֶלאזט געווען, באַ־
זונדערס די, וואס זיינען בײַ איר אין בעטעלע געלעגן. האט זי זיי גע־
זאגט, אז קיין זועֶק האט זי זיך ניט געטון, און אידא׳ס בלומען האבן איר
פאר׳ן שענעם בעטעֶלע געדאנקט, ליב זי אויף דער מיט פון צימער
ארויסגעפירט, אהין, וואו די לבנה האט געלויכטן, און מיט איר צו
טאנצן גענומען; און אלע איבעריגע בלומען האבן ארום זיי א ראד גע־
מאכט. איז דאן סאני זועהער צופרידן געווען און געזאגט, אז זיי קאנען
ביי איר אין בעטעלע אויך אויף ווייטער בלייבן, נישקשה, זי וועט אין
שופלאדל ליגן. די בלומען אבער האבן געזאגט: מיר דאנקען דיר זועהער,
אבער לאנג שוין לעבן אויף דער וועלט וועלן מיר נישט. מארגן וועלן
מיר טויטע זיין. זאלסטו איבערגעבן דער קליינער אידא׳ן, אז זי זאל אונז
אין סאָד באגראבן, דאָרט, וואו דער קאנאריק־פויגל איז באגראבן; וועלן
מיר זומער דעמאלט ווייטער אויפבליהען און נאך שענער ארויסקומען.

—ניין, איר טארט ניט שטארבן!—האט געזאגט סאני און האט די בלומען קושן גענומען. נאר דא האט זיך מיט־א־מאל די טיר פון זאל אויפגעעפנט, און א פולע בלומען פרעכטיגע זיינען טאנצענדיג אין צימער אריינגעפליגן. אידא האט בשום אופן נישט געקאנט פארשטעהן, פון וואנען האבן זיי זיך עס גענומען: געוויס זיינען דאס די בלומען פונ'ם מלכ'ס פאלאץ געווען. אויף פריהער זיינען געגאנגען צוויי וואונ־דער־שענע רויזן מיט קליינע גאלדענע קרוינען אויף די קעפ. דאס איז דער מלך מיט דער מלכה געווען. נאך זיי זיינען, אויף אלע זייטן זיך נויגנדיג, שענינקע לעווקאָיען און געווירץ־נעגעלאך געגאנגען. צווישן זיי איז אויך די מוזיק געווען. גרויסע מאָן־בלומען און פיאָנען האבן אין ארבעס־בייטעלאך געבלאזן, און אזוי שטארק, אז זיי זיינען אזש רויט געווארן פון אנגעשטרענגטקייט. בלויע היאצינטן און קליינע ווייסע גלע־קעלאך האבן אזוי געקלונגען, גלייך ווי צו זיי וואלטן טאקי באמת מיט קליי־נע גלעקעלאך אנגעהאנגען געווען. אוי, איז דאס א וואונדערליכע מוזיק געווען! דערנאך האבן זיך א סך אנדערע בלומען באוויזן און אלע האבן אינאיינעם טאנצן גענומען: בלויע פיאלקעלאך מיט רויטע סאמעטקעס, מארגאריטקעלאך מיט מאי־בלימעלאך. אלע בלומען האבן זיך געקושט

איינס מיט'ן אנדערן. דאס איז אזוי ליב געווען--א חיות פשוט.

לסוף האבן די בלומען איינה דאס אנדערע א גוטע נאכט געזאגט און ווינען זיך צעגאנגען. דעמאלט האט זיך שטילערהייט אויך די קליינע אידא צו איר אין בעטל אומגעקערט, און דארט האט זיך איר דאס אלץ, וואס זי האט נאר-וואס געזעהן, געחלומט.

אויף מארגן אינדערפריה, איז זי באלד צום טישעלע צוגעגאנגען, צי זיינען די בלומען נאך דארט פאראן א קוק צו טון. זי האט צענומען די פארהאנגלאך פון בעטעלע: יא, זיי זיינען נאך אלע געלעגן דארטן, אבער נאך שוין מער פארוועלקטערע ווי נעכטן. סאני איז אין שופלאדל, וואוהין זי האט זי אריינגעלעגט, געלעגן און שטארק פארשלאפן אויס-געזעהן.

— געדענקסט, וואס מ'האט דיר מיר איבערגעבן געהייסן?—האט געפרעגט די קליינע אידא. נאר סאני האט נאר געקוקט צו איר נאריש און קיין ווארט נישט אויסגערעדט.

— סאר'א שלעכטס דו ביזט!—האט געזאגט אידא.—און זיי האבן נאך אזוי פיל געטאנצט מיט דיר!—נאכדעם האט זי גענומען דאס קליי-

נע פידעלע, אויף וועלכן ס'זיינען שענע פייגעלאך אויסגעמאלט געוועןֹ, האט עס אויפגעעפנט און אהין די טויטע בלומען אריינגעלעגט. „אט דאס וועט פאר אייך א שענע טרומנע זיין"— האט זי געזאגט. „און דער־נאכדעם, אז ס'וועלן צו מיר מיינע געשוועסטערקינדער קומען, וועלן זיי מיר העלפן אייך אין סאָד באגראבן, כּדי זומער זאלט איר ווייטער ארויס־וואַקסן און. נאך שענערע ווערן."

די געשוועסטערקינדער אירע, דאס זיינען צוויי פרעהליכע יינגלאך געוועןֹ; איינעם האט מען האַנס גערופן, דעם צווייטן פעטער; דער פּאטער האט זיי צוויי נייע פּילנבויגנס געשענקט, און זיי זיינען מיט זייערע מתּנות פאר אידא'ן באוויזן זיך געקומען. האט זי זיי דערמאלט וועגן די אומ־גליקליכע בלומען, אז זיי זיינען געשטארבן, דערצעהלט, און ביי די עלטערן אן ערלויבעניש אויף זיי באגראבן געבעטן. ביידע יינגלאך, די פּילנבויגנס אויף די אקסלען טראגנדיג, זיינען פאראויס געגאנגען, און די קליינע אידא מיט די טויטע בלומען אין שענעם פּודעלע איז זיי נאכגעגאנגען. האבן די קינדער אין סאָד א קליין גריבל אויסגעגראבן; אידא האט צום ערשטן די בלומען געקושט, דערנאך זיי מיט'ן פּודעלע אין דער ערד אריינגעלעגט; און פעטער און האַנס האבן אויפ'ן קבר'ל

פון די פיילנבויגנס אויסגעשאסן. נאר פון פיילנבויגנס... ווייל קיין ביקסן און קיין הארמאטן האבן זיי גראד אינטער דער האנט נישט געהאט.

פרייז—.1 ר׳




# אנדערסענס מעשהלאך:

איבערגעזעצט פונ׳ם נסתר.

ערשינען:

| | | |
|---|---|---|
| № 1 | דאס ים-טעכטערל. | פר. 1.50 |
| № 2 | ברויזעלע. | „ —.75 |
| № 3 | אָלע-לוק-אָיע. | „ —.80 |
| № 4 | די ווילדע שוואַנען. | „ 1.30 |
| № 5 | די שניי-מלכּה. | „ 2.30 |
| № 6 | דעם מלכ׳ס נייע קלייד. | „ —.1 |
| № 7 | האַנס דער נאַר. | „ —.1 |

אדרעס פון פארלאג: קיעוו, סאפיעווער גאס 12, דירה 9.
אויסשליסליכער פארקויף אין צענטראלן ביכער-לאגער פון „קולטור-ליגע"
קיעוו, גרוים וואסילקאווער גאס 43.